# די ביטערסטע סאָנים פונ דער מענטשהײַט

די פאשיסטישע באנדיטנ שטעלנ זיכ פאָר די גאנצע וועלט ווי א ברייטנ שליאכ, ווו מע קאָנ פארנעמענ זיכ מיט געוואַלט-מײַסים אונ ראַבעווענ. פארעטערישע אָנפאלנ אפ פרעמדע טעריטאָריעס, פארשקלאפונג פונ אנדערע פעלקער, בלוטיקע פײַניקונגענ אונ מאָרדנ — דאָס איז די באַליבטע „ארבעט” פונ די דײַטשישע פאשיסטנ.

די ליגנערישע היטלערישע „טעאָרעטישע” שרײַבעכצנ ווענג דעמ, אז די דײַטשישע פאשיסטנ געהערנ צו א „העכערער הארנ-ראסע” אונ די גאנצע איבעריקע מענטשהײַט — צו א „נידעריקערער ראסע, וואָס די נאטור אלײנ האָט זי באשטימט פאר קנעכטשאפט”, — די דאָזיקע ליגנערישע „טעאָריע” דארפ זײַנ א בארעכטיקונג פאר זייער באנדיטישער מעלאָכע. „אלע, וואָס געהערנ ניט צו דער העכערער ראסע, זײַנענ אָפפאל”, — דערקלערט דער באנדיט אונ מערדער היטלער. אונ אײנער פונ זײַנע באהעלפער, גינטער, האָט געמאָלדנ: „יעדערער, וואָס איז ניט קײנ דײַטש, — דאָס איז ניט קײנ מענטש, נאָר עטוואָס אזוינס, וואָס געפינט זיכ צווישנ מענטש אונ חײַע. ער איז נעענטער צו דער מאלפע אײדער צומ מענטשנ”.

מיט זיבנ הונדערט יאָר צוריק האָבנ די דײַטשישע קלאָווימ די ריטער, ווענ זיי האָבנ פארכאפט די ליטווישע אונ סלאווישע טעריטאָריעס אינ דער באלטיק, אויסגעשאָכטנ די באפעלקערונג, אונ די לעבנ-געבליבענע — פארוואנדלט אינ שקלאפנ. די הײַנטצײַטיקע פאשיסטישע קלאָווימ טוענ דאָס זעלבע מיט די באצווונגענע פעלקער. וועגנ דעמ זאָגט אײדעס דער שוידערלעכער גורל פונ די מיליאָנענ פאָליאקנ אונ ייִדנ, וואָס שמאכטנ אונטערנ יאָכ פונ פאשיזמ.

ווי נאָר דאָס דײַטשישע מיליטער האָט זיך אַרײַנגעריסן קיין פּוילן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע עקזעקוציע איבער די פרידלעכע אײַנוווינער — הילפלאָזע זקיינים, פרויען און קינדער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיזישע אויסראָטונג פונעם פוילישן פאָלק. אַפ דער טעריטאָריע פון דער אַזויגערופענער „פוילישער גענעראַל-גובערנאַטאָרסטווע“ האָבן זיך פריִער געפונען דרײַצן מיליאָן אײַנוווינער. איצט איז דאָ געבליבן סאַכאַקל 9 מיליאָן מענטשן.

מיט כײַזישער אַכזאָריעס ראָטן די היטלעראָווצעס אויס די באַפעלקערונג פון פוילן. די פאַשיסטישע הענקער האָבן געטריבן צו די ווײַסל-בריקן פרויען און קינדער. זיי האָבן צוגענומען בא די מוטערס די פיצלעכע קינדער, באַזונדערס זויג-קינדער, און דאָ אַפ אַן אָרט, פאַר די מוטערס אין די אויגן, געשפּאָלטן זיי די קעפּלעך. דערנאָך האָבן די דאָזיקע כײַעס צונויפגעקליבן די טויטע קערפּערס פון די דערהארגעטע קינדער און אַראָפּגעוואָרפן זיי פון די בריקן אין וואַסער.

ווי נאָר דער דײַטשישער פּאַראַשוט-אָטריאַד האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אין דער שטאָט בידגאָשטש, האָט ער טייקעף צעשאָסן צוואַנציק יינגלעך אַפן מאַרק-פּלאַץ פון דער שטאָט. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל פאַר מאַסן-מאָרדן פון דער פרידלעכער באַפעלקערונג, פאַר אַ בלוטיקן פּאָגראָם, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך. אָט וואָס עס דערציילט אַ פרוי, וואָס איז בײַגעווען בא די דאָזיקע רעציכעס:

„די דײַטשישע אָטריאַדן, וואָס זײַנען אַרײַן אין שטאָט, האָבן געשאָסן אין די פענצטער פון די הײַזער. נאָך דעם, ווי מע האָט צעשאָסן צוואַנציק מינדעריעריקע יינגלעך, האָט מען גלײַך דעם ערשטן טאָג געכאַפּט און צעשאָסן אַפ די פּלעצער 34 מענטשן. צווישן זיי איז געווען אַ קראַנקער, וואָס האָט זיך פון שוואַכקײַט קוים געהאַלטן אַפ די פיס און איז אומגעפאַלן. דעמלט האָט מען אים אָנגעהויבן שלאָגן און פאַר די פיס געבראַכט צו שלעפן צום אָרט, וווּ עס זײַנען פאָרגעקומען די הארגעס. אין איינעם אַ גאָרטן אין צענטער שטאָט האָט מען געבראַכט צו פירן אַ גרופּע פּאָליאַקן. זיי האָט באַגלייט אַ גרופּע געסטאַפּאָווצעס און פאַשיסטישע אָכראַניקעס פון די אָטריאַדן „סס“. די פּאָליאַקן האָט מען געהייסן זיך אויס-

שטעלנ אינ א ריי, דערנאָכ אראָפּלאָזנ זיכ אפ די קני און פויזען איבער דער ערד. נאָכדעמ האָט מענ אָנגעהויבנ שיסנ אינ זיי. קיינער איז ניט געבליבנ לעבנ. מאסנ-מאָרדנ, אָנ געריכט, זיינענ פאָרגעקומענ טאָג-אייַנ, טאָג-אויס בא אלעמענ פאר די אויגנ. אָנגעהויבנ זיי האָבנ די דייַטשישע סאָלדאטנ, און פאָרגעזעצט האָבנ די געסטאפּאָווצעס און די אָטריאַדנ „סס", וואָס זיינענ אָנגעקומענ שפּעטער. די געסטאפּאָווצעס און די אָטריאַדנ „סס" זיינענ געווענ נאָכ פיל אכזאָריעסדיקער איידער די סאָלדאטנ".

אינ בידגאָשטש האָבנ די היטלעראָווצעס צעשאָסנ 136 שילער; אייניקע פונ זיי זיינענ אלט געווענ ניט מער פונ 12—13 יאָר. פונ סענטיאבער ביז סאָפ דעקאבער 1939 י. זיינענ אינ דער דאָזיקער שטאָט דערהארגעט געוואָרנ בא 6 טויזנט פרידלעכע אייַנוווינער, דערונטער א גרויסע צאָל יוריסטנ, דאָקטוירימ, קאָמערסאנטנ, גאלאָכימ. פונקט אזא בלוטיקע שכיטע האָבנ אייַנגעאָרדנט די דייַטשישע פאשיסטנ קימאט אינ אלע שטעט פונ פויזנ, פאָמערנ און שלעזיע.

אינ שאמאָטול, א קליינ שטעטל, זיינענ אינ א מארק-טאָג דעמ 20 סענטיאבער 1939 י. אפנ פלאצ צעשאָסנ געוואָרנ 5 יונגעלייט. די היטלעראָווצעס האָבנ ארומגערינגלט דעמ פלאצ, קעדיי צו צווינגענ די אייַנוווינער פונעמ שטעטל בייצוזיינ באמ מאָרד. נאָכ דעמ האָבנ די פאשיסטישע באנדיטנ געצוווּנגענ די פּאָליאקנ אוועקפירנ די קערפּערס פונ די דערהארגעטע אפנ בעסוילעמ און באגראָבנ זיי.

אינ קאָסציאנ זיינענ אפנ מארק-פלאצ עפנטלעכ צעשאָסנ געוואָרנ 49 אָרטיקע אייַנוווינער, און נאָכדעמ האָט מענ דערהארגעט נאָכ 75 אייַנוווינער. אינ גנעזנאָ האָט מענ דערהארגעט 14 פּוילישע ארבעטער. אינ לעשנאָ האָבנ די היטלעראָווצעס דערהארגעט 250 מאנ, אינ סרעמ — 118. אינ וואָלשטינ האָט מענ א גרופּע פּאָליאקנ דערהארגעט באנאכט בא דער שייַנ פונ פראָזשעקטאָרנ. די אייַנוווינער פונ דער שטאָט האָט מענ אראָפּגעשלעפּט פונ די בעטנ, ארויסגעטריבנ אפנ פלאצ און געצוווּנגענ צו קוקנ אפ דער שכיטע. אינ קאָרניצ זיינענ בעסטיאליש דערהארגעט געוואָרנ 16 אָרטיקע אייַנוווינער. דעמ לעצטנ האָט מענ דערהארגעט דעמ אָרטיקנ בירגערמייַסטער וואָלניעוויטש, א 70-יאָריקנ זאָקנ. די פאשיסטנ האָבנ אימ געצוווּנגענ

ארופּצוקריכן אפן וואָגן מיט די טויטע קערפּערס און האָבן אים דאָרט אפן וואָגן דערהארגעט.

בעסטיאַלישע עקזעקוציעס איבער דער אָרטיקער באַפעלקערונג זײַנען פאָרגעקומען אויך אין אנדערע שטעט און דערפער. אין פּאַלמירי זײַנען צעשאָסן געוואָרן 102 מאַן, אין טרזשעמעטשנאָ — 30 מאַן, אין מאָהילנאָ — 30 מאַן, אין ראַדאָם — 25 מאַן, אין אַנטאָנינעקע — 20 מאַן, אין ביאַלאָ פּאָדליאַסקא — 15 מאַן אאַוו.

אין פיל דערפער פון פּויזן און פּאָמערן איז אויסגעראָטן געוואָרן די גאַנצע באַפעלקערונג, ביז איין מענטש. די פּויערים צעשיסט מען פאַרן געבן א ווידערשטאַנד באַם רעקווירירן בא זיי די טוווע. אין לובלינער פּראָווינץ האָבן די רעקוויזיר־אָטריאַדן ארעסטירט און צעשאָסן 2 טויזנט פּויערים.

אין גדיניע האָבן די היטלעראָווצעס געגומען 350 פּוילישע אָרוועסניקעס, דעריקער פאָרשטייער פון דער אינטעליגענץ. מע האָט זיי אוועקגעשיקט אין ווייכעראָוואָ, דאָרט האָט מען זיי אפן טורמע־הויף צעשאָסן איינציקווײַז פאַר די אויגן פון די איבעריקע. יעדן איינעם האָט מען פאַרן טויט געצוווּנגען צו גראָבן פאַר זיך א קייווער. צווישן די צעשאָסענע זײַנען געווען דער פּאַרוואַלטער פונעם גדינער פּאָרט, דער בירגערמײַסטער, פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים, געזעלשאַפטלעכע טוער פון דעם דאָזיקן יונגן פּוילישן פּאָרט, וואָס איז אופגעבויט געוואָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מילכאָמע.

אין דעם קלייניקן שטעטעלע אָבלוזשע, ווו אומבאַקאַנטע מענטשן האָבן צעבראָכן א שויב אין פּאָליציי־צירקל, האָבן דאָרט די פאַשיסטישע הינט צעמיימעסט 50 שילער און דערנאָך צעשאָסן 10 יינגלעך; זייערע טויטע קערפּערס זײַנען אין מעשעך פון 24 שאָ געווען אויסגעשטעלט, מע זאָל אפ זיי קוקן, לעבן דער קירך. אין אינאָווראָצלאַוו האָט א גרופּע פאַשיסטישע שיקערע אָפיצערן זיך ארײַנגעריסן אין דער אָרטיקער טורמע און דערהארגעט אַלע ארעסטירטע — 70 מאַן.

דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעכאַזערט אין א סאַך פּוילישע שטעט און דערפער. אָנגעיאָגט אפ די וועגן א גרופּע פּלייטים — פרויען און קינדער, — פלעגן די דײַטשישע באַנדיטן צעשיסן זיי פון קוילנוואַרפער.

ספּעציעלע פאַשיסטישע אָטריאַדן זײַנען צעשיקט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד, קעדײַ אויסצוראָטן די פּוילישע אינטעליגענץ. עס זײַנען דערהאַר־געט געוואָרן אַלע געכאַפּטע מיטגלידער פון די שלעזישע אופשטענדלער־אָטריאַדן, וועלכע האָבן אין די יאָרן 1918—1920 געקעמפט פאַר דער באַ־פרײַונג פון שלעזיע פון אונטערן דײַטשישן יאָך.

# די פאַרשקלאַפונג פונעם פּוילישן פאָלק

היטלערס פאַרטרעטער אין די מיזרעכ־ראַיאָנען דער הענקער גרײַזינג האָט טאָפּ 1940 י. דערקלערט אין דער שטאָט גנעזנאָ: „ניט נאָר דער איצטי־קער דאָר פּאָליאַקן, נאָר אַ״כ די קומענדיקע דורות וועלן אַרבעטן פאַר דער דײַטשישער אימפּעריע, ווײַל דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן וועט קיינמאָל ניט אופשטיין טכיעס־האַמייסים, און קיין איין שפּאַן ערד, וואָס די דײַטשן האָבן דעראָבערט, וועט מער קיינמאָל ניט געהערן צו די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן וועלן אַרבעטן אַלס דײַטשישע קנעכט". און דער פּאָזנאַנער גו־בערנאַטאָר רײַזער האָט דערקלערט אין דער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אינעם יאָרטאָג פון אײַנשטעלן אין פּאָזנאַן די מאַכט פון די היטלעראָוו־צעס: „דער דײַטש איז דער האַר אינעם דאָזיקן לאַנד, דער פּאָליאַק ווידער איז זײַן דינער, דער דײַטש איז דער פולבאַרעכטיקטער באַלעבאָס, דער פּאָליאַק געפינט זיך אונטערן דײַטשישן פּראָטעקטאָראַט".

די דײַטשישע פאַרכאַפּער האָבן צעגלידערט פּוילן אָפּ מײַרעוו־פּוילן און אָפּ דער „פּוילישער גענעראַל־גובערנאַטאָרסטווע", וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „טכום־האַמישעוו" פאַר די פּאָליאַקן.

מײַרעוו־פּוילן פאַרנעמט אַ העלפט פון דער טעריטאָריע, וואָס די דײַטשן האָבן פאַרכאַפּט. ביז דער מילכאָמע איז דאָרט געוווינט באַ צען מי־ליאָן אײַנוווינער. דאָ האָט זיך געפונען קימאַט די גאַנצע פּוילישע אינ־דוסטריע, רײַכע קוילן־שאַכטעס, צינק־אַרצגרובנס, מעטאַלורגישע זאַוואָדן, קימאַט אַלע טעקסטיל־פאַבריקן און אַ סאַך אַנדערע אונטערנעמונגען.

אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין מײַרעוו־פּוילן זײַנען אַריבער צו די היטלעראָווצעס. די קוילן־אינדוסטריע און די מעטאַלורגישע אינדוס־

טריע פונ אויבער-שלעזיע אונ פונעם דאָמבראָווער ראיאָנ האָבנ די היטלעראָווצעס איבערגעגעבנ דײַטשישע קאפיטאליסטנ. די פוילישע אינזשעניערנ, מײַסטערס אונ אָנגעשטעלטע האָט מענ אראָפּגענומענ פונ דער ארבעט אונ פארביטנ מיט דײַטשנ. פּאָליאקנ מעג מענ אויסניצנ נאָר אלס ארבעטער.

מײַרעוו-פוילנ איז אויכ געווענ א געביט פונ דער אמערסטנ אנטוויקלטער לאנדווירטשאפט, וואָס האָט באזאָרגט מיט טוווע אונ דערנערונג דעמ איבעריקנ טייל לאנד. בא צוויי דריטל פונ דעמ גאנצנ פּארזיי-שעטעכ פונ קאָרנ, בא צוויי פינפטל פּארזיי-שעטעכ פונ ווייצ, בא א העלפט פּארזיישעטעכ פונ גערשטנ פאלט אינ פוילנ אויס אפנ מײַרעוו-טייל. דאָס אלצ האָבנ פארכאפּט די פאשיסטישע רויבער.

די ערד פונ די פוילישע פויערימ אינ מײַרעוו פוילנ איז גענומענ אפּ א ספּעציעלנ דיסקאָנט. אָנשטאָט די פוילישע פויערימ ווערנ באזעצט איבער 400 טויזנט באלעגופישע מישפּאָכעס פונ פארשיידענע ערטער פונ דײַטשלאנד. לויטנ אויסדרוק פונ דער פאשיסטישער פּרעסע דארפנ זיי דאָרט בילדנ דעמ „נײַעמ אדל“. יעדער דײַטש, וואָס וויל איבערוואנדערנ קיינ מײַרעוו-פוילנ, דארפ דורכמאכנ א פּראקטישע לער אינ איינעמ פונ די קאָנצענטראציע-לאגערנ, קעדיי צו באקומענ א סטאזש פונ א טורמעוועכטער אונ פונ א הענקער. נאָר בא דעמ באדינג קאָנ ער אָנערקענט ווערנ פאר אזא, וואָס „טויג צומ אויספילנ די ווירטשאפטלעכע אונ פּאָליטישע אופגאבנ אינ די געגנטנ, וואָס זײַנענ באשטימט פאר קאָלאָניזאציע“.

פונ מײַרעוו-פוילנ ווערט סיסטעמאטיש ארויסגעטריבנ די גאנצע פוילישע באפעלקערונג, אונ אפ איר אָרט ווערנ באזעצט דײַטשנ פונ דײַטשלאנד אונ פונ דער באלטיק. די פּאָליאקנ שיקט מענ אוועק אָדער אפ שווערער ארבעט אינ דײַטשלאנד אָדער אינ דער גענעראל-גובערנאטאָרסטווע.

באמ ארויסזעצנ די פּאָליאקנ פונ מײַרעוו-פוילנ ווערט אָנגעווענדט כײַישע אכזאָריעס. אָט וואָס עס דערציילט איינער א בײַוועזנדער: „אָנגעהויבנ פונ דעקאבער 1939 י. זײַנענ צענדליקער טויזנטער מענטשנ גרויסגעטריבנ געוואָרנ פונ אונדזער שטאָט אינ אנדערע טיילנ פונ פוילנ. מע זעצט ארויס אָנ שומ וואָרענונג. געוויינלעכ וועקט מענ אופ די מענטשנ 2 אזייגער באנאכט, מע גיט זיי 20 מינוט אפ אָנטאָנ זיכ אונ אפ אָנטאָנ

די קינדער, און דערנאָכ טרײַבט מענ זיי האלב-אָנגעטאָנענע ארויס אינ א ביטערנ פראָסט. זיי דארפנ אוועקגיינ אינ דעם נאָענטסטנ סקווער אָדער פארק און ווארטנ דאָרט אונטער א באוואָפנטער וואכ ביז 6 אזייגער אינדער-פרי, ביז עס וועלנ זיכ אופקלײַבנ 400 מישפּאָכעס. דערנאָכ זעצט מענ זיי ארײַנ אינ ניט קיינ געהייצטע וואגאָנעס פאר פי און מע פירט זיי אוועק. זייער גאנצ פארמעגנ ווערט קאָנפיסקירט. די פּאָליאקנ, וואָס ווערנ ארויס-געזעצט, האָבנ אויסצושטיינ פארשיידנערליי ליידנ און איזדיעקענישנ".

לויט דער מיטיילונג פונ דער ענגלישער צײַטונג „דיילי טעלעגראפ ענד מאָרנינג פּאָסט", האָבנ די פאשיסטנ אינ מעשעכ פונעם ווינטער 1939/40 י. ארויסגעטריבנ פונ מײַרעוו-פוילנ אָנדערהאלבנ מיליאָנ מאנ. „ארויסגעשיקט האָט מענ אינ פראָסטיקע טעג, ווענ דער טערמאָמעטער האָט געוויזנ 30 גראד פראָסט, — טיילט מיט די צײַטונג. — גאנצע גאסנ זײַנענ פוסט געוואָרנ אינ מעשעכ פונ עטלעכע שאָ. אינ טומל פלעגנ מוטערס פארלירנ זייערע קינדער און זויג-אייפעלעכ. מאנצבלענ, פרויענ און קינדער האָט מענ ארײַנגעזעצט אינ לאסט-וואגאָנעס צו 50—60 מאנ אינ א וואגאָנ. די וואגאָנעס זײַנענ געווענ פארפלאָמבירט, און די מענטשנ האָבנ זיכ געלאָזט אינ וועג, וואָס פלעגט דויערנ צו 5—6 טעג, אָנ עסנ און טרינקענ, ציטערנ-דיק פונ קעלט. ווענ די וואגאָנעס זײַנענ אָנגעקומענ אפ אנ אָרט און מע האָט זיי געעפנט, האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז העכער העלפט מענטשנ איז אומגעקומענ אינ וועג פונ קעלט און אויסצערונג. בא פיל לעבנ-געבליבענע זײַנענ געווענ אָפגעפרוירנ די הענט און פיס".

הונדערטער טויזנטער פארטריבענע, דעריקער זקיינים, פרויענ און קינדער, זײַנענ אומגעקומענ פונ הונגער בײַם די דאָזיקע צוואנגס-איבער-וואנדערונגענ ווינטער פונ די יאָרנ 1939/40 און 1940/41. אפ די לעבנ-געבליבענע האָט אפנ נײַעם אָרט געווארט ביטערע נויט און הונגער-טויט אונטערנ הוילנ הימל.

מיט באזונדערער בעסטיאלישקײַט קומט פאָר די „אויסוואָרצלונג" פונ יידנ. ניט נאָר וואָס מע פארטרײַבט זיי פונ מײַרעוו-פוילנ, נאָר מע פארניכטעט זיי ביכלאל. אינ דער ענגלישער פרעסע האָט מענ מיטגעטיילט, אז באם „פארטרײַבנ די גאנצע יידישע באפעלקערונג פונ א שטאָט אינ

מײַרעוו-פּוילן איז אַ באַדײַטנדיקער טייל מאַנצבילעך, פֿרויען און קינדער פּאַשעט צעשאָסן געוואָרן אויפֿן אָרט".

אין מעשעך פֿון די נײַנצן כאָדאָשים פֿון זייער הערשאַפֿט האָבן די פֿאַשיסטן פֿאַרטריבן פֿון מײַרעוו-פּוילן העכער פֿיר מיליאָן פּאָליאַקן און ייִדן. ייִדן זענען מען אַרויס אויך פֿון פֿאַרשיידענע ערטער פֿון דער גענעראַל-גובערנאַטאָרסטווע.

דער אַמעריקאַנער שרײַבער דעמערי בעס, וואָס האָט ניט לאַנג באַזוכט פּוילן, האָט מיטגעטיילט, אַז הײַנט צו טאָג זײַנען העכער 6 מיליאָן פּאָליאַקן פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייערע היימען. די מערהײַט פֿון זיי איז געבליבן אָן שום עקזיסטענץ-מיטלען און ניט זעלטן — אָן אַ דאַך. הונדערטער טויזנטער היימלאָזע מענטשן בלאָנקען אַרום איבערן לאַנד. „זיי האָבן פֿאַרלאָרן, — שרײַבט דעמערי בעס, — זייער ערד, זייער היים, פֿאַרדינסט און די אײַנגעזעסענע ערטער, וווּ זייערע מישפּאָכעס האָבן געוווינט אין מעשעך פֿון פֿיל צענדליקער און אַמאָל אויך הונדערטער יאָרן".

דער גורל פֿון יענע פּאָליאַקן, וועלכע די היטלעראָווצעס האָבן נאָך ניט אַרויסגעזעצט פֿון מײַרעוו-פּוילן, איז ניט ווייניקער ביטער. מע לאָזט זיי אָן אַרבעט, זיי הונגערן און האַלטן זיך אויף אין כורוועס. אין די ראַיאָנען, וואָס זײַנען רײַך מיט קוילן, פֿאַרקויפֿט מען זיי ניט קיין הייצוואַרג. „די לאַגע פֿון די געבליבענע איז שרעקלעך, — טיילט מיט אַ פּאָליאַק, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿונעם פֿאַשיסטישן גענעם, — מע האָט זיי איבערגעלאָזן בלויז די מעגלעכקײַט צו שלאָפֿן אויף דער פּאָדלאָגע, אויף אַ דינעם אונטערבעט פֿון שטרוי, אין ניט קיין געהייצטע דירעס. עס גייט ניט אַוועק קיין טאָג, וואָס מע זאָל ניט האָבן אַרויסגעטראָגן קיין פֿאַרפֿרוירן קינד פֿון אַ וועלכער-ניט-איז דירע".

אין דער גענעראַל-גובערנאַטאָרסטווע, וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „טכום-האַמוישעוו" פֿאַר פּאָליאַקן, איז די לאַגע פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿונקט אַזאַ שרעקלעכע. דאָרט רעגירט דעספּאָטיש דער פֿאַשיסטישער גענעראַל-גובערנאַטאָר פֿראַנק, איינער פֿון היטלערס נידערטרעכטיקסטע געהילפֿן, אַן אויסגעשפּראָכענער אויסוואָרף און פֿאַרברעכער. אַ זון פֿון אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט פֿאַר שווינדלערײַ פֿאַרלאָרן דאָס רעכט צו זײַן אַן

אדוואָקאט, האָט האנס פראנק געיארשנט אלע שמוציקע כאראקטער-שטריכנ פונ זײַנ פאָטער. אײדער די פאשיסטנ זײַנענ געקומענ צו דער מאכט, איז ער אויכ געווענ אנ אדוואָקאט אונ איז זײער גיכ בארימט געוואָרנ מיט זײַנע שווינדלערישע אָפּעראציעס. געוואָרנ באמ היטלערישנ רעזשימ יוסטיצ-מיניסטער, האָט ער זײַנ לאגע אויסגענוצט, קעדײ דורכ פארדעכטיקע אָפּעראציעס אונ אָפּנארערײַ מאכנ זיכ א גרויס פארמעגנ. באזונדערע סימפאטיעס האָט ער געפונענ בא היטלערנ אינ די אויגנ דורכ די אכזאָריעסדיקע פארפאָלגונגענ אונ פילצאָליקע מאָרדנ פונ די טשעכנ.

דעמ דאָזיקנ אוואנטיוריסט אונ גיריקנ פאשיסטישנ הונט האָט היטלער באשטימט פארנ פולנ באלעבאָס איבערנ פוילישנ פאָלק, קעדײ „אײַנצוקלאפּנ, — ווי פראנק אלײנ האָט דערקלערט, — די פאָליאקנ אינ די קעפּ, אז איבער זײ געוועלטיקט איצט די הארנ-ראסע". פוילנ, דערקלערנ זײַנע צײַטווײַליקע באלעבאטימ, וועט ניט האָבנ קײנ זעלבשטענדיקע אינדוסטריע אונ דארפ זײַנ א צוגאָב צו דײַטשלאנד. נאָכ דעמ, ווי די מילכאָמע וועט זיכ ענדיקנ, וועט פוילנ פארוואנדלט ווערנ אינ א רײנ לאנדווירטשאפטלעכנ געביט, אונ די פאָליאקנ — אינ באטראקעס, וואָס ארבעטנ פאר די דײַטשישע פריצימ.

דערווײַל באראבעווענ די היטלערישע באנדיטנ פוילנ וויפל זײ קענענ נאָר. אלע פוילישע מעלוכישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ זײַנענ אײַנגעשלאָסנ געוואָרנ אינ הערמאנ גערינגס קאָנצערנ. דער קאָנצערנ האָט באקומענ 24 שאכטעס, 8 ציגל-זאוואָדנ, 3 קאָקס-זאוואָדנ, 4 בריקעט-זאוואָדנ, 1 אונטערנעמונג פונ קוילנ-הידראָגעניזירונג, 13 צינק-זאוואָדנ, 2 שאכטעס פונ צינק-ארויסבאקומ, 4 בלײַ- אונ צינק-שמעלצ-זאוואָדנ, 1 זאוואָד פונ צינק-וואלצ אונ א סאכ ערד- אונ וואלד-פלעצער. מיט אלע פריוואטע אונטערנעמונגענ פארוואלטנ דײַטשישע „באפולמעכטיקטע". דער גרעסטער טײל פוילישע אונטערנעמונגענ ווערט קאָנפיסקירט, אונ די אויסשטאטונג ווערט אָפּגעשיקט קײנ דײַטשלאנד.

דעמ טײל פונ דער פוילישער אינדוסטריע, וואָס האָט ניט קײנ קריגס-באדײַטונג, פארניכטנ די היטלעראָווצעס; די מאשינעס ווערנ ארויסגעפירט קײנ דײַטשלאנד אָדער זײ גײענ אפ ברוכווארג. ניט לאנג האָט זיכ פראנק

בארימט, אז ער האָט אוועקגעשיקט אפ די שטאָלגוס-זאוואָדנ פונ דײַטשלאנד 262 טויזנט טאָנ אײַזנ- אונ שטאָל-ברוכ. נאָכ דעמ, ווי עס וועט זיכ ענדיקנ די מילכאָמע, — זאָגנ צו די פאשיסטנ, — וועלנ זיי פארניכטנ די גאנצע איבערגעבליבענע אינדוסטריע פונ פוילנ, אויסער די אונטערנעמונגענ, וואָס באקומענ ארויס הייצווארג אונ רויווארג פאר די דײַטשישע פאבריקנ אונ זאוואָדנ.

די לאנדווירטשאפט פונ פוילנ דארפ צוגעפאסט ווערנ צו די באדערפענישנ פונ דער „דריטער אימפעריע”. די פויערימ האָבנ באקומענ א באפעל צו פראָדוצירנ נאָר דאָס, אינ וואָס עס נייטיקנ זיכ די פאשיסטישע רויבער. דאָס מאכט בעדיל-האדאל הונדערטער טויזנטער פויערשע הויפנ, וועלכע האָבנ ניט קיינ מיטלענ איבערצובויענ אינ דער ריכטונג זייער ווירטשאפט. פארנ מינדסטנ פרווו זיכ ניט אונטערצוווארפנ טרײַבט מענ דעמ פוילישנ פויער אראָפ פונ דער ערד אונ מע נעמט צו זײַנ גאנצ פארמעגנ.

קימאט דער גאנצער האנדל געפינט זיכ איצט אינ די הענט בא דײַטשישע פירמעס, וואָס האָבנ געעפנט אינ פוילנ זייערע אָפטיילונגענ, אונ בא דײַטשנ, וואָס זײַנענ געקומענ צו פאָרנ פונ דײַטשלאנד. דעמערי בעס שרײַבט, אז די „דײַטשנ — דאָס איז די הערשנדיקע קאסטע אונ זיי האָבנ ספעציעלע רעכט”. די פאשיסטישע פאָליציי אונ די באוואָפנטע באנדע היטלערישע מערדער שפירנ נאָכ נאָכ דעמ, אז דײַטשנ זאָלנ זיכ ניט באגעגענענ אונ זאָלנ ניט האָבנ קיינ שומ מאגע-אומאסע מיט פאָליאקנ אָדער יידנ. יעדע באקאנטשאפט פונ דײַטשנ מיט מענטשנ פונ א „נידעריקער ראסע” ווערט שטרענג באשטראָפט.

אינ די פוילישע שטעט ווערנ פאר די דײַטשנ אויסגעטיילט די בעסטע גאסנ אונ קווארטאלנ. די ענגלישע צײַטונג „טײַמס” טיילט מיט, אז „אינ ווארשע איז דער אמערסטנ ווילײַנגעאָרדנטער דאָרעמ-מיזרעכדיקער טייל שטאָט מיט זײַנע פארקנ, אלייעס אונ בולווארנ לענגויס דער ווײַסל, מיט זײַנע נײַע גרויסע הײַזער אונ פרעכטיקע פאלאצנ אָפגעגעבנ געוואָרנ די פארכאפער”.

אינ יעדער שטאָט זײַנענ פאר די פאשיסטישע באנדיטנ אויסגעטיילט געוואָרנ די בעסטע האָטעלנ, רעסטאָראנענ אונ מאגאזינענ, ווו הינ די אָר-

טיקע אײַנוווינער איז אריינגעגאַנגען פאַרבאָטן. „פאר די פענצטער פון די דאָ-זיקע מאגאזינען, — שרײַבט די צײַטונג „דיילי טעלעגראף ענד מאָרנינג פאָסט“, — קאָן מען אלעמאָל זען א האמוין הונגעריקע פאָליאקן, וועלכע קוקן אַף די שפּײַז-פּראָדוקטן, וואָס פאר זיי זײַנען זיי ניט צוטריטלעך, אָבער וואָס ווערן פאַרקויפט די דײַטשן צו ביליקע פארמילכאָמעדיקע פרייזן“.

אָבער אויך אין די איבעריקע קראָמען און אַף די מערק קאָנען די פּאָליאקן קויפן בלויז אין באשטימטע שעה. אין ווארשע איז די פּאָליאקן פאַרווערט צו קויפן וואָס-ניט-איז אַפן מארק ביז 10 אזייגער אינדערפרי, און אין די קראָמען ביז 10 אזייגער מיט 30 מינוט אינדערפרי. אין לאָדזש און אין קאַליש איז דער פּוילישער באפעלקערונג פאַרבאָטן קויפן אין די קראָמען אינמיטן טאָג. אין פּאָזנאַן האָבן די פּאָליאקן רעכט ארויסצוגיין אַפן גאַס און אײַנקויפן זיך שפּײַז בלויז אין מעשעך פון עטלעכע שאָ. די גאנצע איבעריקע צײַט דארפן די קראָמען און מערק באדינען בלויז דײַטשן. מאכמעס דעם, וואָס סכוירעס איז אין די קראָמען און אַף די מערק פאראן זייער ווייניק, בלײַבט געוויינלעך פאר די פּאָליאקן גאָרנישט מיט נישט.

אין די וואָקזאַלן זײַנען פאר די דײַטשן אויסגעטיילט די פאסאזשיר-זאַלן און די פּאָליאקן פארטרײַבט מען אין שמוציקע ווינקלעך. אין די צוגן פאָרן דײַטשן אין באזונדערע וואגאָנעס, קעדיי ניט צו באגעגענען זיך מיט די „שמוציקע סלאַוון“. אין אייניקע ראיאָנען איז די פּאָליאקן ביכלאל פאַרבאָטן צו באנוצן זיך מיט דער אײַזנבאַן. אין די אוטאָבוסן זײַנען פאר די דײַטשן אויסגעטיילט די פאָדערשטע ערטער. אַף די דאָזיקע ערטער האָבן די פּאָליאקן קיין רעכט ניט זיך צו זעצן. ייִדן האָבן ביכלאל קיין רעכט ניט צו באנוצן זיך מיט אוטאָבוסן.

אזוי אָרדנט זיך אײַן די „נאציע פון הארן“ אין דעם פארכאפּטן לאַנד.

## די באפעלקערונג ווערט בארויבעוועט

ווי נאָר דאָס דײַטשישע מיליטער האָט זיך אריינגעריסן אין פּוילן, האָט עס אָנגעהויבן אָפן צו בארויבן דאָס אומגליקלעכע לאַנד. אָט איז א מיטיילונג, וואָס איז אָנגעקומען פון איינער א גרויסער שטאָט אין מײַרעוו-פּוילן:

„ווי נאָר דער סוינע איז אַרײַן אין שטאָט, האָט ער גלײַך אָנגעהויבן ראַבעווען. די פאַשיסטישע אָפיצערן און די פרויען, וואָס זײַנען צו זיי געקומען, פלעגן אַרײַנגיין אין די קראָמען, צונעמען אַלץ, וואָס ס׳איז זיי געפעלן, און פלעגן עס אַוועקפירן אין אויטאָמאָבילן און פורן, וועל־כע מע פלעגט צוליב דעם רעקווירירן בא די אָרטיקע אײַנוווינער. אויב אַ פאַרקויפער פלעגט זיך אָנעמען מיט מוט און פלעגט פאָדערן באַצאָלן, פלעגט ער באַקומען אַן ענטפער: „דאָס האָט איר אײַך אַלס לויט פאַר דער מילכאָמע".

דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין אַלע פוילישע שטעט, וועלכע עס האָבן פאַרכאַפּט די היטלערישע מערדער. אַלע פוילישע קראָמען זײַנען פאַרמאַכט געוואָרן. צו זיי פלעגן צופאָרן לאַסט־אויטאָמאָבילן מיט באַנדעס פאַשיסטישע מעסער־יונגען. איינע פלעגן אַרויסוואַרפן דורך די פענצטער פון די קראָמען די סכוירעס, די אַנדערע פלעגן שנעל אַלץ אָנלאָדן אַף די מאַשינעס און אַוועקפירן קיין דײַטשלאַנד. איצט איז בא אונדז אין שטאָט ניטאָ קיין איין פוילישע קראָם. זייערע אייגנטימער האָט מען פאַר־טריבן, און די סכוירעס קאָנפיסקירט. די קראָמען און געשעפטן, וואָס מע האָט ניט צעגראַמירט, האָט מען צוגענומען בא די פּאָליאַקן און איבערגע־געבן די דײַטשן. בא די פּאָליאַקן האָט מען צוגענומען אויך די הײַזער, רעסטאָראַנען, וואַרשטאַטן, אַלע אונטערנעמונגען".

לויט די ידיעות, וואָס די רויבער גופע גיבן אין „ליצמאַנשטעדטער צײַטונג", האָבן זיי אינעם טעקסטיל־צענטער פון פוילן, אין לאָדזש, פאַר־כאַפּט בא פּאָליאַקן און ייִדן 4300 פאַבריקן און וואַרשטאַטן, 70 בענק, 500 סקלאַדן פון טעקסטיל־רויוואַרג און מאַנופאַקטור, 8500 געשעפטן און 12 טויזנט קליינע קרעמלעך. אינגאַנצן איז אין פוילן צוגענומען געוואָרן בא פּאָליאַקן און ייִדן און איבערגעגעבן געוואָרן דײַטשן העכער 35 טויזנט אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און האַנדלס־אונטערנעמונגען. אין די פויליש־ע אונטערנעמונגען, וואָס זײַנען נאָך ניט קאָנפיסקירט, האָט מען אַוועק־געזעצט פאַשיסטישע „פאַרוואַלטערס", וועלכע צעגאַנוועונען זיי אַף אַן „אָר־גאַניזירטן אופן".

די פאַשיסטישע רויבער צעטרענצלען באַרבאַריש די נאַטור־רײַכטימער

פונ פוילנ—קוילנ, נאפט אדג. אָנ ראכמאָנעס פארניכטנ זיי קאָלאָסאלע וועלדער.

שטייערנ ווערנ אופגעמאָנט מיט אזא כעזשבנ, אז די באפעלקערונג זאָל פולשטענדיק צערויִנירט ווערנ. אפ די פאָליאקנ אונ יידנ האָט מענ ארופגעלייגט אזוינע שטייערנ, וועלכע זײַנענ אינ די קולטורעלע לענדער שוינ לאנג אָפגעשאפנ געוואָרנ אונ וועלכע מע פלעגט אופמאָנענ בלויז אינ די צײַטנ פונ לײַבייגנטומ בא די לײַבייגענע. בלויז דער קאָפ-שטײַער אליינ באטרעפט 50 פראָצענט פונעמ פארדינסט.

די פאשיסטישע רויבער האָבנ קאָנפיסקירט אלע באנק-קאָנטעס, פריוואטע געלטער אונ אלצ, וואָס איז געלעגנ אינ די באנק-סייפנ. זיי צאָלנ ניט ארויס קיינ פענסיעס די עלטערע מענטשנ. אלע כויוועס פונ דער באפעלקערונג פאר די פארגאנגענע יאָרנ פרעסנ די פאשיסטנ אָנ ראכמאָנעס ארויס פונזייערטוועגנ. זיי האָבנ באפרײַט די דײַטשנ פונ צאָלנ די פאָליאקנ אלטע כויוועס, די פאָליאקנ אָבער צווינגענ זיי צו באצאָלנ די כויוועס, וואָס יענע זײַנענ געקומענ דײַטשנ.

די פוילישע פויערימ, וואָס ווערנ ארויסגעזועצט פונ די דערפער, פארלירנ, כוצ דער ערד, אויכ דאָס לעצטע פערד אונ די לעצטע קו, דעמ גאנצנ אינווענטאר, די זריִע, דאָס שטוביקע ביסל גוטס אונ די קליידער. ווי רויב-פייגל ווארפנ זיכ ארופ די היטלעראָווצעס אינ די טויזנטער, קעדיי אָנצורויבנ וואָס מער גוטס. זיי נעמענ צו דאָס פארמעגנ ניט נאָר בא די, ווע‌מענ זיי האָבנ ארויסגעזועצט, נאָר אויכ בא די, וועלכע זײַנענ נאָכ געבליבנ אפנ אָרט. אָט זײַנענ אייניקע פונ די אָנ א שיר פאקטנ, וועלכע עס האָט פארעפנטלעכט די ענגלישע פרעסע:

„איינער פונ די אָנגעפאָרענע פאשיסטנ האָט ארויסגעטריבנ פונ דער דירע אפנ גאס די פרוי פונ א פוילישנ דאָקטער מיט צוויי קליינע קינדער אונ האָט זיי ניט איבערגעלאָזט וואָס א האָר איז ווערט. איינע אנ אָרעמע פרוי, וואָס האָט געהאט אנ 8-יאָריקע טאָכטער, האָט געבעטנ ראכמימ, מע זאָל איר דערלויבנ נעמענ כאָטשבי צו פאָר וועש פאר זיכ אונ פאר דער טאָכטער, אָבער דער היטלעראָוועצ, צו וועלכנ זי האָט זיכ גע-

וועגדט, האָט א געשריי געטאָן: „איר וועט ניט באקומען קיין איין העמד!" און האָט זי ארויסגעיאָגט".

אינעם ערשטן יאָר מילכאָמע איז פון מערעוו-פוילן קיין דייטשלאנד ארויסגעפירט געוואָרן 700 טויזנט טאָן טוווע, בייס פריער האָט גאנץ פוילן, אפילע אין גערעטעניש-יאָרן, געקאָנט ארויספירן בלויז 200 טויזנט טאָן א יאָר. פאר דער מילכאָמע פלעגט פוילן ארויספירן יערלעך 250 טויזנט כאַזיירים, און איצט האָבן די היטלעראָווצעס בעדייע ארויספירן ביז 750 טויזנט כאַזיירים א יאָר. אין 1940 י. איז פון דער גענעראל-גובערנאטאָרסטווע קיין דייטשלאנד ארויסגעפירט געוואָרן עטלעכע הונדערט מיליאָן אייער, א קאָלאָסאלער סכום מילך, פוטער, צוקער, ספירט אאוו.

אָט די אלע פראָדוקטן נעמט מען צו בא די פויערים צו א זייער נידעריקער פרייז, דערביי ווערט א טייל פון דער סומע אומבאדינגט אויסגעצאָלט מיט בראנפן: די היטלערישע באנדיטן שיקערן בעקיוון אָן די פוילישע פויערים. אויב דער פויער גיט ניט אָפּ די פאשיסטישע רויבער קימאט זיין גאנצע גערעטעניש און לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן, נעמט מען בא אים צו די ווירטשאפט און אים אליין זעצט מען אריין אין טורמע אָדער אין א קאָנצענטראציע-לאגער.

די באפעלקערונג הונגערט. אין שטאָט איז די נאָרמע פאר א פאָליאק סאכאקל 25 גראַם ברויט א טאָג, דה. ווייניקער ווי צוויי פונט א כוידעש. און פאר א יידן — אין צוויי מאָל ווייניקער. פאקטיש באקומט ניט די באפעלקערונג אפילע די דאָזיקע הונגער-נאָרמע. דער „רעגירער" פון פוילן, דער אוואנטיוריסט פראנק, האָט דערקלערט, אז די באפעלקערונג פון פוילן טיילט זיך איין אף דריי גרופעס: 1) אף יידן, וואָס באקומען קיין זאך ניט און וועלן קיין זאך ניט באקומען; 2) אף פאָליאקן, וועלכע באקומען נאָר אזויפיל, אז זיי זאָלן זיין אימשטאנד צו ארבעטן פאר די דעראָבערער, און 3) אף דייטשן, וועלכע וועלן באקומען אלץ.

הונגער און טיפוס איז ברייט פארשפרייט אין פוילן.

אָט וואָס עס ווערט דערציילט אין איינעם א בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון ווארשע און איז אָפגעדרוקט אין אן ענגלישן זשורנאל:

„דער הונגער ווילדעוועט אין הונדערטער הייזער פון ווארשע און בא-

זונדערס צווישן די היימלאָזע. ער ווערט שטארקער וואָס א טאָג. אפ די גאסן קאָן מען זען הונדערטער קינדער, וואָס זיצן אפן שניי און וויינען פון הונגער. מילכ, פוטער, אייער, פלייש און צוקער זײַנען לוקסוס-ארטיקלען, וועלכע דער ברייטער טייל באפעלקערונג האָט שוין ניט געזען אין מעשעכ פון פיל כאדאָשימ. קארטאָפל קאָן מען באקומען נאָר צו קליינע ביסלעכ. די דײַטשן באהאלטן ניט אויס, אז זיי וואָלטן זײַן צופרידן, ווען וואָס מער פאָליאקן וואָלטן געשטאָרבן פון הונגער. זיי זאָגן: „דעמלט וועט בלײַבן מער אָרט פאר אונדז". און ווירקלעכ, עס זײַנען שוין אומגעקומען בא 2 מיליאָן מאנ. „ווארשע, — האָט ניט לאנג געשריבן בעס, — איז הײַנט צו טאָג איינע פון די אמערסטן פאראָרעמטסטע שטעט פון אייראָפע. פונקט ווי אין אנדערע שטעט פון פוילן, איז אין ווארשע ניטאָ קיין פעטס, קיין פלייש, קיין מילכ".

דער קאָרעספאָנדענט פון דער שוועדישער צײַטונג „ניו דאג" גיט אי-בער אין א בריוו פון גדיניע זײַנעמ א שמועס מיט פוילישע ארבעטער, וועלכע האָבן אימ דערקלערט: „פאראיאָרן ווינטער האָט מען נאָכ געקאָנט קויפן הייצווארג, אָבער הײַנטיקן ווינטער האָבן אונדז די נײַע באלעבאטימ בעכלאל פארווערט צו קויפן קוילן, קלוימערשט, מאכמעס דעמ סאבאָטאזש אין די פוילישע קוילן-שאכטעס... פאר אונדז עקזיסטירן ספעציעלע קלאָלימ און באפעלן, וואָס שטעלן אונדז אין א שוידערלעכער, אויסוועגלאָזער לאגע. אונדז פארווערט מען צו קויפן קליידער און שיכ... מיר הונגערן שרעקלעכ. מע דערלויבט אונדז אפילע ניט צו קויפן קיין זייפ, און מיר זײַנען געצוווּנגען צו וואשן זיכ מיט זאמד".

## קאטאָרזשנע הארעוואניע פון די פוילישע ארבעטער

אלע פאָליאקן אין עלטער פון 14 ביז 60 יאָר זײַנען גענומען אפ דיס-קאָנט, קעדיי אויסצופילן ארבעט-פליכט. פאר יידן איז די עלטער ניט בא-גרענעצט, און די פאשיסטישע אויסוווּרפן שיקן אין די ארבעט-לאגערן 70-יאָריקע זקיינימ און זקיינעס. טאָג ווי נאכט קומען פאָר אין די שטעט

און ישוּווים אָבלאָוועס אַפֿ מענטשן. מע כאַפּט זיי און מע שטעלט זיי פֿאַר דער ברירה: אָדער „פֿרײַוויליק" פֿאָרן אַפֿ אַרבעט אין דײַטשלאַנד, אָדער פֿאַרשיקט ווערן אין איינעם פֿון די פּילצאָליקע קאָנצענטראַציע-לאַגערן, וואָס די היטלעראָווצעס האָבן אײַנגעאָרדנט אין פּוילן גופֿא.

באַ 2 מיליאָן פּוילישע אַרבעטער און אַרבעטערנס זײַנען אָוועקגעשיקט געוואָרן קיין דײַטשלאַנד אַפֿ קאַטאָרגע-אַרבעט. מע באַהאַנדלט זיי מיט כּײַ-שער אַכזאָריעס. מע צווינגט זיי צו אַרבעטן ניט ווייניקער פֿון 14 שאָ אַ טאָג. קאָרמען קאָרמעט מען זיי נאָר די נעשאָמע אונטערצוהאַלטן. און אַפֿילע ווינטער האַלטן זיי זיך אוף אין האַלב-כאָרעווע ניט געהייצטע באַ-ראַקעס. די דײַטשן איז פֿאַרבאָטן צו האָבן אַ וועלכע-ס'איז מאַגע-אומאַסע מיט זיי. דער דײַטשישער פֿויער טאָר ניט מער-ווייניקער לײַטיש באַהאַנד-לען זײַנע פּאָליאַקן, וואָס ער האָט באַקומען אַלס באַטראַקעס, רופֿן זיי צו זײַן טיש אַאָו. די דײַטשישע צײַטונגען פֿאַרעפֿנטלעכן די נעמען פֿון די פֿויערים, וואָס זײַנען שטרענג באַשטראָפֿט געוואָרן פֿאַר אַ מענטשלע-כער באַציִונג צו די פּוילישע אַרבעטער. פֿאַר אַ צערטלעך וואָרט, וואָס אַ דײַטשיש מיידל האָט געזאָגט צו אַ פּאָליאַק, האָבן זי די זשאַנדאַרמען צע-מיימעסט און צוגעמישפּעט צו דרײַ כאַדאָשים טורמע.

אין די עסטרײַכישע פּראָווינצן האָבן די פֿאַשיסטישע מאַכט-אָרגאַנען געצוווּנגען די פּוילישע אַרבעטער צו טראָגן אַפֿ די קליידער אַ גרויסע לאַטע מיטן בוכשטאַב „פּ". די פּאָליאַקן האָבן ניט קיין רעכט צו באַזוכן קלויסטערס, קינאָ און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע ערטער.

די פֿאַשיסטן האָבן געשאַפֿן אין עסטרײַך עמעסע „שקלאַפֿן-מערק". נאָך אַ פֿאָרלויפֿיקער מעדיצינישער באַטראַכטונג אין וואַרשע שיקט מען פּוילישע אַרבעטער גרופּעסווײַז צו 50—300 מאַן אין גראַץ און וואָלפֿסבערג, וווּ עס זײַנען אײַנגעאָרדנט די דאָזיקע „מערק". דאָ צווינגט מען די פּאָ-ליאַקן פֿאַר אַלעמען אין די אויגן זיך אויסטאָן נאַקעט. די אינדוסטריעלע און לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אונטערנעמער באַטראַכטן און שאַצן זיי אָפּ אָן צערעמאָניעס, ווי פֿי, און דערנאָך ווערט אײַנגעאָרדנט אַן אַאוקציאָן.

דער גורל פֿון די אַרבעטסלאָזע, וועלכע זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די אַרבעט-לאַגערן, איז נאָך שרעקלעכער. דאָ אַרבעטן זיי אונטער דער אויפֿ-

זיכט פון די צעיושעטע שטורמאָוויקעס, וועלכע מיימעסן בעסטיאַליש. טאָמער פאַלט אַפ א פּאָליאַק א כשאַד, אַז ער איז ניט „געהאָרכזאַם”, צעשיסט מען אים און כוץ דעם צעשיסט מען די מיטגלידער פון זײַן מישפּאָכע. און די קרויווים, וואָס זײַנען געבליבן אין פּוילן.

צום אָנהייב 1941 יאָר זײַנען קיין דײַטשלאַנד אוועקגעשיקט געוואָרן 470 טויזנט פּוילישע אַרבעטער. הונדערטער טויזנטער פּוילישע קריגסגעפאַנגענע ווערן אויסגענוצט אַלס אַרבעט-פי אין דער דײַטשישער לאַנדווירטשאַפט. זייער לאַגע איז ניט צו באַשרײַבן. א פאָרשטעלונג וועגן דעם קאָן געבן פאָלגנדיקע מיטיילונג:

„א געוויסע צײַט צוריק איז א גרופּע קריגסגעפאַנגענע, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן פאַר ניט אַרבעטספייִק, אָפּגעשיקט געוואָרן קיין וואַרשע. די יעניקע, וואָס האָבן זיי ניט געזען, קאָנען זיך קוים פאָרשטעלן, אַז א מענטש קאָן דערפירט ווערן צו אַזא גראַד אויסגעצערטקײַט — זיי זײַנען שוין ניט ענלעך געווען צו מענטשן. ענלעכע צו סקעלעטן, באַדעקטע מיט ווונדן, אַכזאָריעסדיק צעמיימעסטע, מיט אָנגעשוואָלענע גלידער, שטאַרבנדיקע פון הונגער, אין שמאָכטעס, מיט באָרוועסע פיס אין א ביטערן פראָסט, האָבן די דאָזיקע מענטשן זיך קוים געקאָנט באַוועגן אָן זײַטיקער הילף. דרײַ טעג און דרײַ נעכט זײַנען זיי געווען אין וועג אָן שום שפּײַז. זייערע שמאָכטעס זײַנען אָנגעשפּיקעוועט געווען מיט לײַז און אַנדערע פאַראַזיטן. פיל פון זיי זײַנען געשטאָרבן אין שפּיטאָל. ס'איז א צווייפל, צי וועלן די איבעריקע ווען-ניט-איז קומען צו זיך”.

אין א לאַגע פון קאַטאָרזשניקעס געפינען זיך אויך די פּוילישע אַרבעטער, וועלכע מע האָט איבערגעלאָזן אַפ אַרבעט אין פּוילן. זיי אַרבעטן צו 12—15 שאָ א מעסלעס, און זייער אַרבעטלוין איז אַפ 20 פּראָצענט קלענער, ווי דער אַרבעטלוין פון די דײַטשישע אַרבעטער.

## דער כײַישער פּאַרצעף פונעם פאַשיזם

אין א בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון וואַרשע, לייענען מיר:
„די לאַגע ווערט וואָס א כוידעש אַלץ שווערער. עס איז אומעגלעך

צו באשרײַבן דעם באַרבאַריזם, די אַכזאָריעס און די ציניש גרינגשעצונג צו אַלע קלאָלים פון מענטשלעכער אויפירונג און קולטור מיצאַד יענע מענטשן, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט אונדזער לעבן אין א פינצטערן גענעם...

מיר זעען אָפּט אומגעהײַערע פאַקטן, וועלכע צווינגען אונדז צו טראַכטן, אַז מיר געפינען זיך אונטער דער מאַכט פון זינלאָזע, וועלכע לײַדן אָפּ א שאַרפער פאָרם פון מעשוגאַס — ראַסן-מאַניע.

ווי קאָן מען אַנדערש דערקלערן, צום בײַשפּיל, אַזוינע פאַלן?

דרײַ ייִדן זײַנען לאַנגזאַם אַריבער די גאַס. פון דער אַנדערער זײַט האָט זיך צו זיי דערנעענטערט א דײַטשישער פּאַשיסט. פּלוצעם, אָן שום סיבע, האָט ער זיי אָנגעהויבן באַליידיקן, שלאָגן, שפּײַען אָפּ זיי און שרײַען מיט אַזא רעציכע, ווי ער וואָלט געווען א ווילדער מעשוגענער.

און אָט איז א צווייטער פאַל. א געוויסע צײַט צוריק האָט זיך איינער א סטודענט אויסגעגליטשט אָפּן גאַס, און פאַלנדיק, האָט ער געהאַט דעם אומגליק צו פאַרטשעפּען א פאַרבײַגייענדיקן דײַטשישן אָפיצער, וועלכער איז אויך געפאַלן. דער סטודענט האָט זיך אַנטשולדיקט און איז זיך ווײַטער געגאַנגען זײַן וועג, דער אָפיצער האָט אָבער צוגערופן באַוואָפנטע סאָלדאַטן און האָט באַפוילן צו אַרעסטירן דעם יונגנמאַן. מע האָט אים שרעקלעך צע-מיימעסט, צוגענומען דעם רינג, דעם זייגער און אַוועקגעפירט אין טורמע. אין דרײַ טעג אַרום האָט מען אים אָפּגעלאָזן, דער פּאַס איז אָבער גע-בליבן אין דער פּאָליציי. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים אַרויסגע-רופן אין גענעראַל-שטאַב צו באַקומען זײַן דאָקומענט. ער איז אַרײַנגע-גאַנגען אין א רײַכן אויסגעפּוצטן לאָקאַל, ווו עס האָבן זיך געפונען עט-לעכע דײַטשישע העכערע אָפיצערן. איינער פון זיי האָט אים באַפוילן, ער זאָל נעמען פון טיש זײַן פּאַס. ווען דער סטודענט האָט זיך אָנגעבויגן, קעדיי צו נעמען זײַן דאָקומענט, האָט ער באַקומען א שטאַרקן קלאַפּ אין רוקן, און נאָך איינעם, פון דער זײַט, אין קין. מע האָט אים אויסגע-שלאָגן די ציין, און דאָס מויל איז בא אים פול געוואָרן מיט בלוט. די דאָזיקע גאַנגסטערס האָבן פאַרלאָרן יעדן מענטשלעכן אָנבליק".

א בלוטיקער שווידער האָט זיך אַרופגעוואַלגערט אָפּ די ייִדן. די היט-לערישע הענקער שטעלן זיך ניט צופרידן דערמיט, וואָס זיי פאַרניכטן די

ייִדן. די ייִדן האָבן נאָך אויסצושטײן די שווידערלעכסטע, אומדערטרעגלעכסטע ליידן און פּייניקונגען.

אַט ווי דער קאָרעספּאָנדענט פון דער שטאָקהאָלמער צײַטונג „ניו דײַג־ליגט אלעהאנדא" באשרײַבט דעם לאָדזשער געטאָ: „אין לאָדזש וווינען אַנ־ערעך 190 טויזנט ייִדן. אַף די גאַסן זעט מען זיי אָבער ניט. אלע האָט מען זיי פארשפּארט אין געטאָ. ווען איך האָב דערזען פּאָנעם־על־פּאָנעם דעם עמעסן געטאָ, איז מיך באפאלן א שוידער. א קאָלאָסאלער ראַיאָן איז ארומגערינגלט מיט א פּארקאַן פון שטעכיקן דראָט צוויי מעטער די הייך און ווערט באוואכט דורך באוואָפנטע וואַך־לײַט. די לופט איז דורכ־געדרונגען מיטן רייעך פון ניט קיין געוואשענע לײַבער, פון דורכגעשוויצטע בגאָדים, רעשטלעך שפּײַז און ענלעכע שלעכטע רייכעס. די אײַנוווינער פון געטאָ האָבן ניט קיין ארבעט, און דער באוווּסטזײַן פון דעם דאָזיקן פאקט פארכווישעכט נאָך מער די דאָזיקע מענטשלעכע מוראשקעס־גרוב. דער געטאָ שוויבלט און גריבלט מיט קינדער פון פארשיידענעם עלטער אין מאנטלען און אָן מאנטלען, אין שיך, סאנדאלן אָדער טופל. זייער הוסט דערציילט וועגן טובערקוליאָז. דעם שרעקלעכסטן אײַנדרוק מאכט אָבער דאָס עקלהאפטע בילד, וויאַזוי אלע דערוואקסענע און אפילע קינדער, אײַנגעשלאָסן זויג־קינדער, טראָגן אַף זייערע קליידער דעם ייִדישן צייכן. דאָס איז א געלער זעקסעקיקער שטערן, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו דער רעכטער זײַט ברוסט און פון הינטן — צו דער רעכטער לאָפּעטקע..."

אין געטאָ איז אויסגעשלאָסן די עלעקטרישע שײַן און די וואסער־לייטונג. עס זײַנען פארמאכט אויך די אָפּטייקן אין די דירעס — דאָס ווערט אלץ געטאָן, כדי צו פארשטארקן די פארשפּרייטונג פון אָנשטעקנדיקע קרענק צווישן די ייִדן. פאַר ארויסגיין פון געטאָ דראָעט די ייִדן טורמע אָדער צעשיסונג. דער ייִד שטייט אויסערן געזעץ, און יעדער שטורמאָוויק קאָן אים אומבאשטראָפט צעקאליעטשען אָדער דערהארגענען. ווי־וואָס — נעמט מען גלײַך בא די ייִדן אָרוועסניקעס, וועלכע מע הענגט אוף און מע צע־שיסט. ניט איין מאָל האָבן די אײַנוווינער פונעם ווארשעווער געטאָ, ארויס־גייענדיק אינדערפרי פון דער היים, געזען אַף די גאַסן צענדליקער ייִדן, וועלכע מע האָט אופגעהאנגען אַף די לאמטערנס־סטויפּעס.

די ענגלישע פּרעסע דערציילט וועגנ אזא פאקט. פונ איינעמ א קאָנ-
צענטראציע-לאגער איז אנטלאָפנ אנ ארעסטירטער. האָבנ די היטלעראָוועס
גערכאַפּט 300 ייִדנ אלס אָרוועסניקעס, דערביי האָבנ זיי דערקלערט, אז אויב
דער אנטלאָפענער וועט זיכ ניט אומקערנ אינ מעשעכ פונ 24 שאָ, וועט
יעדער דריטער אָרוועסניק צעשאָסנ ווערנ. אונ ווירקלעכ, אפּ מאָרגנ האָבנ
די הענקער אויסגעפּילט זייער סטראשונעק אונ האָבנ צעשאָסנ 100 ייִדנ.
אינ די ערשטע טעג פונ דער אָקופּאציע פלעגט מענ ייִדנ צעשיסנ
מאסנווייז. אינ הרובעשאָוו זיינענ אינ מעשעכ פונ איינ טאָג צעשאָסנ גע-
וואָרנ 300 ייִדנ. אינ ווארשע האָט מענ פאר דער דערמאָרדונג פונ א דיי-
טשישנ פּאָליציי-מאנ דערהארגעט 98 מאנ. אינ דער שטאָט מעלעצ האָבנ
די פאשיסטנ פארברענט א סינאגאָגע, אונ אינ פלאמ זיינענ לעבעדיקערהייט
אריינגעוואָרפנ געוואָרנ 43 מענטשנ.
אינ דער שטאָט כעלמ האָט מענ צונויפגעטריבנ אפּ ערד-ארבעטנ 1500
ייִדנ. נאָכ דעמ, ווי די ארבעט איז פארענדיקט געוואָרנ, האָט מענ זיי צע-
שאָסנ פונ קוילנוואַרפער. פארגראָבנ דעמ דאָזיקנ בארג טויטע קערפּערס
האָט מענ אויכ באפוילנ ייִדנ.
לויט דער דערקלערונג פונעמ פאשיסטישנ נאטשאלניק איבער די אָנ-
געלעגנהייטנ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג אינ ווארשע — שענ, זיינענ
אלע מיטלענ גוט, אויב עס האנדלט זיכ וועגנ פארניכטנ ייִדנ.
אינ סוואלק איז פאָרגעקומענ אזא פאל. א ייִדיש ייִנגל פונ 12 יאָר
איז ארויסגעגאנגענ אפּ דער גאס נאָכ 8 אזייגער אינ אָוונט. א פּאָליציאנט
האָט אימ באמערקט אונ אימ געגעבנ א צייכנ מיט דער האנט, ער זאָל
צוגיינ. דאָס דערשראָקענע קינד האָט געוואָלט אנטלויפנ. דעמלט האָט דער
פּאָליציאנט ארויסגענומענ דעמ רעוואָלווער, האָט זיכ רויִק אָנגעצילט אונ
האָט דערהארגעט דאָס ייִנגל.
ניט ווייניקער ווילד צערעכענענ זיכ די פאשיסטישע אויסוווּרפנ מיט
די וויסנשאפט-לייט, מיט די פּראָפעסאָרנ פונעמ קראקאָווער אוניווערסיטעט.
מע האָט זיי אָפּגעגאָלט די קעפּ, ווי פארברעכער, אָנגעטאָנ טורמע-קליידער.
אינ א ברענענדיקנ פראָסט האָט מענ זיי געטריבנ ארבעטנ אפּ שווערע
ארבעט, קימאט ווי ניט געגעבנ וואָס צו עסנ, געצוווּנגענ שלאָפנ אינ א

ניט געהייצטער דירע אפֿ שמוציקע נארעס. אכצן פּראָפֿעסאָרן זײַנען שוין געשטאָרבן, צווישן זיי געלערנטע מיט א וועלט-נאָמען, די איבעריקע דערוואַרט דער זעלבער גורל.

זייער גרונט-אופגאבע — די אויסראָטונג פונעם פוילישן און יידישן פאָלק — פארווירקלעכן די היטלעראָווצעס מיט כײַישער אכזאָריעס. צענדליקער טויזנטער מענטשן האָט מען ארײַנגעוואָרפֿן אינעם איפעשדיקן געגנעם פון די קאָנצענטראציע-לאגערן, ווו עס דערווארטן זיי אומענטשלעכע פּײַניקונגען און טויט.

אָט ווי „מאנטשעסטער גארדיאַן" באשרײַבט דעם רעזשים אין די דאָזיקע לאגערן:

„די ארעסטירטע ארבעטן צו 16 שאָ א טאָג מיט אן איבערײַס נאָך אפ א האלבער שאָ, קעדיי צו נעמען אין מויל ארײַן דאָס נישטיקע ביסל עסן. מע דערלויבט זיי ניט אָפּצורוען, ניט אראָפּנעמען די טורמע-קליידונג, אין וועלכער זיי זײַנען מעכוייעוו צו לייגן זיך שלאָפֿן. אליין פאר זיך ברענגט שוין אזא רעזשים צום טויט פון די פיזיש שוואכערע מענטשן. דערצו קומען נאָך אָבער צו סאדיסטישע פּײַניקונגען, וועלכע די שטורמאָוויקעס ווענדן אָן צו די ארעסטירטע אָן שום סיבע. אָפטמאָל באשטייט די פּײַניקונג דערין, וואָס די שטורמאָוויקעס באגיסן דעם ארעסטירטן מיט א מעכטיקן שטראָם וואסער פון א בראנדסבאָיט. מיט א באזונדערן פארגעניגן לאָזן די שטורמאָוויקעס דעם שטראָם וואסער דעם ארעסטירטן אין פּאָנעם ארײַן. די דאָזיקע פּײַניקונג ווערט אָפטמאָל אָנגעווענדט ווינטערצײַט. דעמלט לאָזט מען דעם קאָרבן אין דרויסן אפן קאלטן ווינט און פראָסט. עס איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס פיל פון זיי קומען אום... אנדערע וווארפט מען אפ שטיינערנע ווענט, מע פּאָרט אפ זיי רײַטנדיק אזוי לאנג, ביז דער ארעסטירטער פאלט, אאוו. אאוו.".

די באראקעס אין די קאָנצענטראציע-לאגערן שווימלען און גריבלען מיט וואנצן, לײַז, וועלכע טראָגן פאנאנדער אָנשטעקנדיקע קרענק. טויזנטער מענטשן שטארבן פון טיפוס. עס גייט ניט אוועק קיין נאכט, ווו מע זאָל, לויטן אויסוואל פון די טורמע-וועכטער, ניט צעשיסן קיין צענדליקער מענטשן. באנאכט ווּפט מען די ארעסטירטע ארויס נאָכן נאָמען, און

מער קערן זיי זיך שוין ניט אום. אין א בריוו, וואָס די אַרעסטירטע פון איינעם א לאגער האָט זיך איינגעגעבן איבערצוגעבן אפ דער פרײַ, ווערט דערציילט, אז בא זיי אין טורמע-הויף זײַנען פאראן א סאך קוואָרים און וואָס א טאָג ווערן זיי אלץ מער.

דער פאשיסטישער טעראָר אין פוילן האָט זיך באזונדערס פארשטארקט די לעצטע כאדאָשים. לויט דער מיטיילונג פון דער רייטער-אגענטור, ארעס-טירט די דײַטשישע אָקופּאַציע-מאכט יעדן טאָג טויזנטער מענטשן. בלויז אין ווארשע זײַנען אין מעשעך פון צוויי טעג ארײַנגעזעצט געוואָרן אין טורמע בא 6 טויזנט מאנ. אין דער פּאָווינצ קומען אויך פאָר אָן א שיר ארעסטן. אין ראדאָם האָט מען פארשפארט אין טורמע 600 מענטשן, אין קעלצ, — 300, אין לובלין — 600, אין קראקאָוו — 170 אאוו.

די פּאָליאקן, וואָס זײַנען אנטלאָפן פונעם פאשיסטישן גענעם, דער-ציילן, אז אין מײַרעוו־פוילן כאפּט מען יינגלעך און קינדער פּאָשעט אפ די גאסן און אין די הײַזער, און מע שיקט זיי גאנצע צוגנווײַז ארויס קיין דײַטשלאנד. די עלטערן ווערן מעשוגע פון צאָרעס. א סאך עלטערן באהאלטן אויס די קינדער אָדער שיקן זיי אוועק אין אנדערע שטעט. צי וועט זיך זיי אָבער איינגעבן צו ראטעווען זייערע קינדער? די היטלעראָוו-צעס זאָגן, אז זיי נעמען צו די קינדער, קעדיי פארהיטן זיי פון קרענק. עס איז אָבער גוט באוווסט, אז דאָס ווערט געטאָן, קעדיי צו סטעריליזירן דעם יונגן דאָר (מאכן אזא אָפּעראציע, אז זיי זאָלן ניט קאָנען האָבן קיין קינדער). „זיי מעגן ניט שטארבן, אָבער אויסשטארבן מוזן זיי”, — האָט דערקלערט דער פאשיסטישער דעגענעראט דיטריך.

פון מײַרעוו-פוילן טיילט מען אויך מיט וועגן דער מאסן-סטעריליזא-ציע פון פיל הונדערטער יינגלעך און מיידלעך. כוץ דעם קלײַבט מען אָפּ די קינדער פון פוילישע עלטערן מיט דײַטשישע פאמיליעס, קעדיי צו דער-ציען זיי אין „דײַטשישן גײַסט”. „די פוילישע באפעלקערונג דארף פאר-ניכטעט ווערן מיט אלערליי מיטלען”, — דערקלערן די בלוטיקע פאשיסטישע היינט.

די פוילישע און יידישע מיידלעך, וואָס די היטלעראָווצעס כאפּן בײַס די אָבלאוועס, שיקן זיי אוועק קיין דײַטשלאנד אין די שאנד-הײַזער. דעם

זעלבנ גוירל האָבנ אויכ די פרויענ, וואָס ארבעטנ ניט. די אויסלענדישע פרעסע האָט ניט לאַנג פאַרעפנטלעכט א ריי בריוו, וואָס די עלטערנ אינ פוילנ האָבנ באקומענ פונ זייערע טעכטער, וועלכע מע האָט געשיקט קיינ דייטשלאנד. די דאָזיקע בריוו באווייזנ, אז א גרויסע צאָל פוילישע מיידלעכ האָבנ די דייטשישע מאכט-אָרגאנענ געשיקט אינ די סאָלדאטישע לאגערנ אונ אינ די שאנד-הייזער פאר דייטשישע סאָלדאטנ.

אפ די ווענט פונ די געזעלשאפטלעכע ביניאָנימ אינ ווארשע אונ אינ קראקאָוו הענגענ פלאקאטנ מיט אופשריפטנ: „אלע פוילישע פרויענ, וואָס האָבנ צו טאָנ מיט דייטשנ, דערמאָנענ מיר, אז עס זיינענ פאראנ פרייע וואקאנסיעס אינ שאנד-הייזער". ווי מיר האָבנ געזענ, איז דאָס ניט נאָר א סטראשונעק. „די ייִנגלעכ שיקט מענ אוועק קיינ דייטשלאנד, — ווערט געזאָגט אינ איינעמ א בריוו, וואָס איז אדרעסירט אינ אונדזערנ א גרענעצטייל, — די מיידלעכ ווידער גיט מענ איבער אינ די הענט פונ די סאָלדאטנ צו שענדנ אונ צו איזדיעקעווענ זיכ איבער זיי.

די פאשיסטישע באנדיטנ באגייענ זיכ מיט מענטשנ, ווי מיט קראָליקעס. די דאָזיקע סאָנימ פונ קולטור האָבנ פארביטנ די וויסנשאפט מיט מעשוגענע היצ-רייד פונ די ראסנ-„לערעס", זיי פארנעמענ זיכ מיט שארלאטאנעריי אונ זנאכארסטווע, אינ פאר זייערע ווילדע „עקספערימענטנ" צו „פארבעסערנ דאָס דייטשישע בלוט" נוצנ זיי אויס פוילישע קינדער. אָט וואָס עס דערציילט אנ איינוווינער פונ מערעוו-פוילנ, וואָס איז אנטלאָפנ קיינ אמעריקע: „פוילישע מיידלעכ פונ 15 יאָר אָנ אונ עלטער האָבנ אָנגעהויבנ פארשווינדנ פונ דער היימ. ערשט אינ א סאכ וואָכנ ארומ האָבנ די מוטערס באקומענ בריוו פונ די טעכטער, וועלכע מע האָט אוועקגעפירט קיינ דייטשלאנד. אינ די דאָזיקע בריוו האָבנ זיי געשריבנ, אז איבער זיי ווערנ געמאכט עפּעס געהיימניספולע עקספערימענטנ. צו דריי מאָל אינ וואָכ האָט מענ זיי געמאכט איינשפריצונגענ, וואָס אינ רעזולטאט פונ זיי זיינענ זיי שווער קראנק געוואָרנ. אינ פעווראל 1940 י. האָט היטלער ארויסגעגעבנ א פאראָרדענונג, אז די פוילישע מיידלעכ אינ עלטער פונ 16 ביז 25 יאָר דארפנ אוועקגעשיקט ווערנ קיינ דייטשלאנד צו „אָפּצופרישנ דאָס דייטשישע בלוט". צוליב דעמ דארפנ די נעמענ אונ פאמיליעס פונ אלע ייִנגלעכ

און מיידלעך עלטער פון 14 יאָר מיטגעטיילט ווערן די דײַטשישע מאכט־אָרגאנען".

די פּוילישע וויסנשאפט און קולטור ווערן אויסגעוואָרצלט. פּרווונדיק פארוואנדלען די פּאָליאקן אין א ווילנלאָזע און שטומע מאסע, אין לײַבײגענע קנעכט און שקלאפן, האָבן די פאשיסטן פארמאכט אלע פּוילישע אוניווערסיטעטן און גימנאזיעס. די מוזייען און ביבליאָטעקן זײַנען צעראַבירט, די פּוילישע היסטאָרישע דענקמעלער פון די נאציאָנאלע העלדן—קאָסטיושקאָ, אדאם מיצקעוויטש און אנדערע — צעשטערט. די ווערטפולע וויסנשאפטלעכע קאָלעקציעס און לאבאָראטאָריעס זײַיען ארויסגעפירט געוואָרן קיין דײַטשלאנד. פון ווארשעווער פּאָליטעכנישן אינסטיטוט האָט מען ארויסגעפירט נית בלויז די אפּאראטור, די ביכער און מעבל, נאָר אפילע די אינסטאליאציעס פון דער צענטראל־באהייצונג.

עס איז פארווערט צו שפּילן פּוילישע מוזיק, עס זײַנען אויך פארווערט די ווערק פון שאָפּענען. עס איז פארמאכט די פּוילישע אָפּערע און אלע גרויסע טעאטערס. די אָפּערע־זינגער, אקטיאָרן און שרײַבער דינען אלס קעלנערס אין רעסטאָראנען און קאפע, קערן די גאסן. די בעסטע פּוילישע מוזיקאנטן שפּילן אף די גאסן. פון 37 קינאָ־טעאטערס זײַנען אין ווארשע אָפן בלויז 14. אָנשטאָט די 70 פּוילישע צײַטונגען, וואָס פלעגן פריער דערשײַנען, לאָזן די היטלעראָווצעס איצט ארויס בלויז זיבן צײַטונגען אף פּויליש.

די פּוילישע שולן זײַנען פארמאכט, די לערער, וואָס וואגן צו לערנען מיט די קינדער פּויליש, פארשפּארט מען אין טורמע. אין קראקאָווער וואָיעוואָדסטווע זײַנען אין משך פון איין וואָך ארעסטירט געוואָרן העכער 400 לערער. פיל פון זיי זײַנען אומגעקומען, ווײַל זיי האָבן ניט געקאָנט אריבערטראָגן די פּײַניקונגען. אין ווארשע, לובלין, קראקאָוו זײַנען ארעסטירט געוואָרן טויזנטער לערער.

בלויז אין מײַרעוו־פּוילן אליין זײַנען פארמאכט געוואָרן 8600 פּוילישע אָנפאנג־שולן און 430 מיטלשולן. דער פּאָזנאנער אוניווערסיטעט איז פארוואנדלט געוואָרן אין א נעסט פון פאשיסטישן אָבסקוראנטיזם. איצט זײַנען אין מײַרעוו־פּוילן פאראן בלויז דײַטשישע שולן. די פּוילישע קינדער

צווינגט מענ צו גיינ אינ די דאָזיקע שולנ, ווו כוץ דעמ שטעקנ-רעזשימ זיינענ נאָכ איינגעפירט שמיץ. די אוניווערסיטעטנ אינ ווארשע, קראקאָוו, לובלינ אונ 550 מיטלשולנ זיינענ פארמאכט געוואָרנ. אינ דער גענעראל-גובערנאטאָרסטווע זיינענ פארמאכט געוואָרנ אלע אָנ אויסנאמ מיטלשולנ. די פאשיסטישע אָקופאנטנ דערקלערנ ציניש, אז דייטשלאנד נייטיקט זיכ אינ ארבעטער, אונ דעריבער „דארפנ די פאָליאקנ ניט באקומענ קיינ בילדונג". אפילע די אָנפאנג-שולנ זיינענ אָפגעגעבנ געוואָרנ אונטערנ קאָנטראָל פונ די פאשיסטישע בארבארנ.

אינ מערעוו-פוילנ איז פארבאָטנ אפילע צו ריידנ אפ פויליש. די פוילישע קאפע-אייגנטימער צווינגט מענ ארויסהענגענ פלאקאטנ: „ריידנ אפ פויליש איז פארבאָטנ".

„מע פארבאָט אונדז צו ריידנ אפ פויליש, — האָבנ די ארבעטער פונ גדיניע דערציילט דעמ קאָרעספאָנדענט פונ „ניו דאג". — ווענ א דייטשישער פאָליציאנט דערהערט ריידנ פויליש, הייסט ער אָדער ריידנ דייטש, אָדער אינגאנצנ שווייגנ. עס איז געווענ אזא פאל: עטלעכע ארבעטער זיינענ ארויס פונ דער פאבריק אונ האָבנ זיכ אָפגעשטעלט אָפווארטנ אפנ אווטאָבוס. זיי האָבנ גערעדט צווישנ זיכ אפ פויליש. דער דייטשישער פאטרול האָט דאָס דערהערט אונ האָט זיכ ארופגעוואָרפנ אפ זיי. איינער פונ די ארבעטער האָט דערקלערט, אז קיינעמ וועט זיכ ניט איינגעבנ צו פארווערנ אימ ריידנ אפ זיינ מוטערשפראכ. דעמלט האָט אימ דער פאָליציאנט דערשאָסנ. דאָס איז פאָרגעקומענ אפנ פלאץ, אונ די פארבייגייענדיקע ארבעטער האָבנ ניט געקאָנט אנדערש אויסדריקנ זייער אופרעגונג, ווי שווייגנדיק אויסטאָנ די היטלענ פארנ טויטנ קערפער פונ דעמ דערהארגעטנ באוועגער".

## דער קאמפ פונעם פוילישנ פאָלק קעגנ די פארכאפער

צי איז גאָר קעדיי צו ריידנ וועגנ דעמ, אז די סינע פונעם פוילישנ פאָלק צו די פאשיסטישע באצווינגער האָט גאָר קיינ גרענעצ ניט, דאָס

פרײַהײַט-ליבנדיקע פוילישע פאָלק האָט ניט אוועקגעלייגט דאָס געווער. עס קעמפט העלדיש קעגן די באנדיטן, וואָס באלעבאטעווען בא אים אין לאנד. אין ווארשע גייען איצט ארויס 32 אומלעגאלע אנטידײַטשישע צײַטונגען.

„די גאנצע באפעלקערונג פון פוילן — מאנצבלען, פרויען, זקנים, יוגנט און אפילע קינדער — גיבן א ווידערשטאנד די דײַטשן" — שרײַבט אינעם אמעריקאנישן זשורנאל „ניו ריפאבליק" דער פוילישער זשורנאליסט יונאָשא, וואָס איז אנטלאָפן פון פוילן. ער טיילט מיט, אז ביז איצט האָבן זיך אײַנגעהיט רעשטלעך פון דער פוילישער ארמיי, וואָס גיבן אן אקטיוון ווידערשטאנד די פאשיסטן. הונדערטער און טויזנטער סאָלדאטן, אָרגאניזירט אין גרופעס צו 100 מאן, באהאלטן זיך אויס כאדאָשימווײַז אין די וועלדער און בערג. די דאָזיקע אָטריאדן זײַנען ניט איין מאָל אָנגעפאלן אף די דײַטשישע פאָדערשטע וואכ-פאָסטנס, און דאָס צווינגט די דײַטשישע קאָמאנדשאפט צו האלטן אין פוילן א גרויסע אָקופאציע־ארמיי.

דער גרעסטער פארטיזאנישער אָטריאד, שרײַבט יונאָשא, האָט זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער לעבן קעלץ נאָך אין אפרעל פאָריקן יאָר. נאָך דעם, ווי ער איז אָנגעפאלן אפן דײַטשישן מיליטער, זײַנען פארברענט געוואָרן 14 דערפער; 1200 מאן פון דער פרידלעכער באפעלקערונג, אײַנגעשלאָסן יינגלעך פון 10 יאָר אָן, זײַנען צעשאָסן געוואָרן פון קוילנוואָרפער אָדער פארברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין זייערע הײַזער. נאָך דעם דאָזיקן שוידערלעכן נעקאָמע-אקט האָבן די געהיימע פוילישע אָרגאניזאציעס אָפּגעגעבן א באפעל וועגן פאנאנדערלאָזן די פארטיזאנישע אָטריאדן. דאָך זײַנען אלע אָנטיילנעמער פון די דאָזיקע אָטריאדן גרייט צו יעדער מינוט אָנהייבן דעם קאמף קעגן דעם דײַטשישן פאשיזם.

מיט דער טעטיקײַט פון די פארטיזאנער פירן אָן די געהיימע פוילישע נאציאָנאלע אָרגאניזאציעס. יעדע אנטפלעקונג פון פרײַוויליקער מיטארבעט פון פאָליאקן מיט פאשיסטן ווערט טייקעף און הארב באשטראָפט דורך די מיטגלידער פון די דאָזיקע געהיימע אָרגאניזאציעס. יעדערער, וואָס האָט שאָלעם געמאכט מיטן יאָך פון די באצווינגער, ווערט דערקלערט פאר א פארעטער פינעם היימלאנד. אשטייגער דער אינזשעניער גערמאנאָווסקי, וואָס האָט געארבעט אף איינעם א מיליטערישן זאוואָד אין סטראכאָוויץ, איז

דערהאַרגעט געוואָרנ דערפאַר, ווײַל ער האָט לויט זײַנ אײגענער איניציאַטיוו איבערגעגעבנ די היטלעראָווצעס סוידעס פונ דער פּראָדוקציע. די פאַשיסטישע הענקער האָבנ געענטפערט אַפ דער דערמאָרדונג פונ גערמאַנאָווסקינ מיט א ווילדער עקזעקוציע: 300 ארבעטער פונעמ זאַוואָד זײַנענ ארעסטירט געוואָרנ און 60 פונ זיי האָט מענ צעשאָסנ אָנ שום געריכט און אויספאָרשונג. גערמאַנאָווסקיס גורל איז א וואָרענונג פאַר אַלע פאַרעטער. ניט ווייניקער כאַראַקטעריסטיש איז אויכ דער פאַקט פונ דער דערמאָרדונג פונעמ קינאָ-אַקטיאָר איגאָ סימ, וואָס איז געוואָרנ א דײַטשישער פּאָליציי־שער שפּיאָנ. מע האָט אימ דערהאַרגעט בא אימ אינ שטוב, און די שולדיקע האָט זיכ ביז איצט ניט אײַנגעגעבנ צו געפינענ.

די באַפעלקערונג פונעמ אָקופּירטנ טייל פוילנ ווענדט אָנ פאַרשיידענע מעטאָדנ פונ ווידערשטאַנד קעגנ די פאַשיסטישע פאַרכאַפּער. ווי באַוווּסט, פּראָדוצירט דער גרעסטער טייל פונ דער פוילישער אינדוסטריע געווער פאַר דער דײַטשישער אַרמײ. די פּאָליאַקנ, וואָס זײַנענ געבליבנ אַפ די ערטער, בא די ווערקשטעלנ, סאַבאָטירנ סיסטעמאַטיש די דײַטשישע מיליטערישע מאָסמיטלענ. „לאַנגזאַמקייט" — איז די פאַרשפּרייטסטע פאָרמ פונ סאַבאָטאַזש. די פוילישע קוואַליפיצירטע ארבעטער באַהאַלטנ אָפּט זייער קוואַליפיקאַציע, און דער רעזולטאַט איז, אַז מע פאַטערט גאַנצע כאַדאָשימ אַפ „אויסלערנענ" זיי באַגיינ זיכ מיט מאַשינעס, מיט וועלכע זיי זײַנענ אויסגעצייכנט באַקאַנט.

אפילע אינ דער דײַטשישער פּרעסע איז מיטגעטיילט געוואָרנ וועגנ סאַבאָטאַזש-אַקטנ אינ די פוילישע זאַוואָדנ. אינ איינ זאַוואָד, לעמאָשל, האָט מענ די מאַשינעס געמוזט אינ מעשעכ פונ איינ כוידעש אינ 10 מאָל מער רעמאָנטירנ, ווי אינ מעשעכ פונ א יאָר אינ נאָרמאַלער צײַט.

די פויערימ צינדנ אָפּט אונטער אָדער פאַרניכטנ אַפ אַנ אַנדער אופנ די זאַפּאַסנ דערנערונג, קעדיי ניט צו דערלאָזנ אָוועקשיקנ זיי קיינ דײַטשלאַנד. א צווייטע פּאָפּולערע פאָרמ פונ סאַבאָטאַזש באַשטייט דערינ, וואָס די פויערימ שפּירנ נאָכ, ווענ עס גייענ די צוגנ-ציסטערנעס, וועלכע פירנ אריבער נאַפט פונ רומעניע קיינ דײַטשלאַנד דורכ פוילנ, זיי שיסנ אינ די ציסטערנעס און מאַכנ לעכער אינ זיי.

די פאשיסטישע אָקופּאנטן ענטפּערן אפן ווידערשטאנד פון דער באַפעלקערונג מיט ווילדן טעראָר. נאָך דעם, ווי די פּוילישע פּארטיזאנען האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז פון נעם דײַטשישן בירגערמײַסטער אין קוטנע, האָבן די היטלעראָווצעס געשיקט אהין א שטראָף-אָטריאד. ווען דעם שטראָף-אָטריאד האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען קיינעם פון די פּארטיזאנען, האָבן די פאשיסטישע הינט צעשאָסן די פרידלעכע אײַנוווינער.

אין א דאָרף לעבן לובלין האָבן די פּויערים דערהארגעט א דרוזשיניק פון די דײַטשישע שוץ-אָטריאדן, וואָס האָט אוועקגענומען א פּויליש פּויעריש מיידל פאר א סאָלדאטישן שאנד-הויז. אלס ענטפער דערויף האָט די דײַטשישע קאָמאנדשאפט ארויסגעפירט אין פעלד אלע מאנצבלען פון דעם דאָזיקן דאָרף און פון די שכייניש דערפער און האָט צעשאָסן דרײַ הונדערט מאן פון קוילנוואַרפער.

לויט דער מיטיילונג פון לאָנדאָנער ראדיאָ, האָבן די דײַטשישע מאכט-אָרגאנען אין איינעם א דאָרף פון דער גענעראל-גובערנאטאָרסטווע ארויסגעשלעפּט באנאכט פון די הײַזער 500 פּויערים — פרויען קינדער און זקיינים — און צעשאָסן זיי אָן געריכט און אויספאָרשונג. זייער שולד איז באשטאנען דערין, וואָס זיי זײַנען געווען מישפּאָכע-מיטגלידער פון פּוילישע קריגסגעפאנגענע, וועלכע זײַנען באשולדיקט געוואָרן אין דיווערסיע-אקטן. די דאָזיקע קריגסגעפאנגענע זײַנען צעשאָסן געוואָרן אין מאגדעבורג, און זייערע מישפּאָכעס — אין פּוילן.

די פאשיסטישע איסוווּרפן ענטפערן אף אלע ארויסטרעטונגען פונעם פּוילישן פאָלק מיט אכזאָריעסדיקע רעפּרעסיעס, צעשיסונגען און שטראָף-עקספּעדיציעס. „בײַס יעדער אזא שטראָף-עקספּעדיציע, — טיילט מיט די ענגלישע פּרעסע, — ווערן צעשאָסן הונדערטער צופעליקע מענטשן, דערונטער זקיינים און מוטערס מיט קינדער. אין וואַווער, אשטייגער, א קליין שטעטל לעבן ווארשע, האָבן די פאשיסטן אָפּגעשטעלט א צוג, ארויסגעשלעפּט פון די וואגאָנעס 100 פּאסאזשירן און דאָצכיש זיי דערהארגעט. דאָס האָבן זיי זיך נויקעם געווען פאר דערמאָרדן דײַטשישע אָפיצערן. ראבירונג, טעראָר, קעפּונגען — אזוי רעכענען זיך אָפּ די פאשיסטישע ראָצכים מיט דער אומגליקלעכער באפעלקערונג. אין מײַרעוו-פּוילן זײַנען געקעפּט געוואָרן 140

יינגלעכ אינ עלטער פונ 13 ביז 16 יאָר דערפאר, ווײַל זיי האָבנ ניט גע-וואָלט זינגענ קיינ לידער לעקאָוועד היטלערנ. יעדנ כוידעש קומענ פאָר טויזנטער קעפונגענ. דאָס לאנד איז פארוואנדלט געוואָרנ אינ א בלוטיק הענקער-שטיבל, ווו מע פײַניקט אונ הארגעט אומשולדיקע מענטשנ".

„די דײַטשנ האסט מענ בא אונדז, — שטייט אינ איינעמ א בריוו פונ פוילנ. — די טיפקײַט אונ די קראפט פונ דעמ דאָזיקנ האס זײַנענ קאָלאָסאל. אלע, פונ קליינ ביז גרויס, האסנ בא אונדז די דײַטשנ".

די באפעלקערונג פונ פוילנ פירט א שווערנ, א מעסירעסנעפעשדיקנ קאמפ קעגנ די היטלערישע באצווינגער. דאָס פרײַהײַט-ליבנדיקע פוילישע פאָלק גלייבט פעסט, אז אינ בונד מיט אנדערע פעלקער וועט די בלוטיקע היטלערישע באנדע צעשמעטערט ווערנ, אז דער קאמפ קעגנ דעמ דײַטשישנ פאשיזמ, קעגנ דעמ דאָזיקנ נידערטרעכטיקסטנ בלוטיקסטנ סוינע פונ דער גאנצער מענטשהײַט, וועט זיכ ענדיקנ זיגרײַכ.

---

И. Голубев

ГИТЛЕРОВСКИЕ ЗВЕРСТВА
В ПОЛЬШЕ

(На еврейском языке)

Редактор перевода *Р. Фиш.*
Подписано к печати 11/VIII-41 г.
1 печ. л. 1,5 уч.-изд. л. А—38105 Тираж 5000. Цена 15 коп.

17-я фабрика национальной книги Огиза РСФСР треста „Полиграфкнига", Москва, Шлюзовая наб., 10.